№ 14.

אנאטאל פראנס.

# נאך בלומען

יודיש: י. ר.





## נאָך בלומען.

ביילעלע און איר קליין ברודערל אַנטשעלע זענען אַזעק נאָכמיטאָג אויף דער לאָנקע. דער טאָג איז געווען אַ העלער און אַ פרישער. דער הימל איז אַפילו נישט געווען אינגאַנצן בלוי, ער איז געווען מער גרוי, נאָר דידאָזיקע גרויקייט איז ווייסער און ליבער פון אַלע בלויקייטן אין דער וועלט. ביילעלעס אויגן זענען טאַקי אַזעלכע גרויע און זען אויס, ווי אַ ברעקעלע הימל באַגינען.

ביילעלע און אַנטשעלע גייען זיך אַליין איבער דער לאָנקע. זייער מוטער איז אַ דאָרפישעווירטין און אַרבייט אין איר הויף.

זיי האָבן אינגאַנצן נישט קיין ניאַנקע און זיי דאַרפן זי גאָר נישט. זיי קענען אַליין דעם וועג; זיי קענען די וועלדער, פעלדער און בערגלעך. ביילעלע דערקענט, ווי שפּעט עס איז, קוקנדיק אויף דער זון און האָט שוין געטראָפן אַ סך שווערע זאַכן, וועגן וועלכע די קינדער, וואָס וואוינען אין שטאָט, האָבן קיין שום באַגריף נישט. אַפילו דער קלײנער אַנטשעלע פאַרשטייט שוין אַ סך זאַכן אין די וועלדער, טײַכן און אויף די בערג, ווײַל זײַן קליין נשמה'לע איז אַ דאָרפיש נשמה'לע.

ביילעלע און אַנטשעלע גייען זיך איבער די בלומיקע לאָנקעס. ביילעלע קלויבט איבערן וועג בלומען. זי רײַסט קאָרן-בלימלעך און מאָן-בלימלעך, לאַבן און וואַסער-בלומען, וואָס זיי רופן אַן אַנדערש: יאַסטרונקעס. זי רײַסט אויך די שיינע פיאָלעט-בלימלעך, וואָס וואַקסן בײַם סאַמע ראַנד פון דער תבואה און רופן זיך „פעלד-שפּאָרן.“ זי רײַסט פּוכי-

קע זאַנגען פֿונעם צעבליטן גראָז און די ראָזע ליכט-נעלקן און די ליליענדיקע לאַנקע-גלעק־לעך, וואָס ביים באַרירן זיי מיטן קלענסטן שאָרך, גיבן זיי אַרויס אַ זיסן ריח. ביילעלע האָט ליב בלומען דערפֿאַר, ווײַל בלומען זײַנען שײן.

ביילעלע איז אַ קלײן, פּשוט מיידעלע, אָנגעטון אין אַ טונקל פּערקאַל-קלײדל און אין אַ רויט קרעטאָן פֿאַרטוכל. קיין רײַכע פּוץ־זאַכן האָט ביילעלע נאָך נישט געזען. און דאָך האָט זי ליב שײנע זאַכן. זי זעט, אַז די בלומען זײַנען שײן און דאָס זיי דערפֿאַר ליב. און ס'דאַכט זיך איר, אַז ווײַבאַלד עס איז ווער שײן, מוז ער אויך זײַן גוט און דערפֿאַר באַמיט זי זיך איצט צו זײַן אויך ווער העפֿליך, ווײַל זי טראָגט דאָך עפּעס אין די הענט אַ גרויסן, גרויסן פּאַק שײנע בלו־מען. און די געדאַנקען ביילעלעס זײַנען אויך איצט פֿרעלעכע, פֿאַ־ביקע און רויטיקע, אַזוי ווי אירע בלומען. דאָס זײַנען געדאַנקען, וואָס

לאָזן זיך נישט אויסדריקן מיט קיין רייד.
אין דער שפּראַך איז נישטאָ אַזעלכע שיינע ווערטער. דערויף דאַרף מען האָבן טענער פון לידער, די לוסטיקסטע און זיסטע טע-נער פון די אויסערגעוויינלעכסטע לידער. און ביילעלע זינגט, רייסנדיק די בלומען: „איך גיי מיר מיט אַ ליליען־קרענצל איבערן טאָל־ און „איין הארץ פאַרמאָג איך נאָר."

דער קליינער אַנטשעלע איז אַן אַנדע-רער. ער האָט אויך אינגאַנצן אַנדערע גע-דאַנקען. אַנטשעלע דאָס איז אַן אמת'ער בריה, ער טראַכט נאָך אַפילו נישט קיין הוי-זעלעך, אָבער ער איז אַ קלוגעטשקער, אַ גע-שיקטער און אַ פריילעכער! מיט איין האַנט האַלט ער זיך אָן בײַ דער שוועסטערלס פאַרטוכל, ער זאָל נישט אומפאַלן, און מיט דער צווייטער פאָכעט ער מיט זײַן בײַטשעלע אַזוי קרעפטיק ווי אַן עכטער מאַנספערשוין. נישט קיין סך שטאַרקער קאַקט מיט דער בײַטש דעם פאַטערס פאַראָבעק, ווען ער

טרינקט-אָן די פערד אינם טײַכל. דער קלײנער אַנטשעלע זינגט נישט און חלומט נישט. עס גייען אים אויך גאָרנישט מיט גאָרנישט אָן די פעלד-בלומען. ער טראַכט וועגן ווײַנע שפּילצײַג און וועגן די שווערע אַרבעטן, וואָס וואַרטן אויף אים. ער טראַכט וועגן באַלאָדענטע מאָטשקעס און וועגן פערד, וואָס וועלן אַמאָל פאָלגן זײַן קול און זײַן בײַטש.

בײלעלע און אַנטשעלע זענען אָנגעקומען אויפן באַרג, איבער דער לאָנקע, פון וואַנען ס'זעען זיך אַלע הײַזלעך פון דאָרף, פענאַנדערגעוואָרפענע צווישן גרינס און וואָס צייכענען זיך אָפּ אין די ווײַטע גלאָקן-טורעמס פון די זעקס קלויסטער-דערפער. דאָרט, אויפן באַרג קאָן מען ערשט זען, ווי גרוים עס איז די ערד. בײלעלע פאַרשטייט דאָרט אַלץ בעסער, ווי די אַלע געשיכטעס, וואָס מ'לערנט זי. וועגן די טויב פון נחס תּיבה און וועגן די׳דין אין זייער הייליק לאַנד.

—לאָמיר זיך דאָ אָפּקוקוקן—זאָגט ביי-
לעלע און זעצט זיך. זי עפנט די הענט און
ס'פאַלן פון זיי אויף אירע קניען, אויף איר
קליידל, אויף איר אינגאַנצן — בונטע בלומען.
זיי שמעקן אַזוי, אַז באַלד שמעקט זי אַליין
אויך מיטן ריח פון די בלומען, און די
ווייסע זומער - פייגעלעך, געלאָקט פון דעם
ריח, פליען זיך צונויף צו איר פון אומעט-
טום.

אַצינד קלויבט ביילעלע אויס די בלו-
מען, לייגט זיי צונויף, מאַכט פון זיי בוקעטן
און קרענצלעך און פוצט זיך אין זיי — זי
הענגט זיך אַן לאַנקע-גלעקלעך אויף די אויי-
ערן, לייגט זיך אַרויף אַ קראַנץ אויפן קאָפּ,
שפּילעט זיך צו אַ בוקעט צום פאַרטוכל
און זעט איצט אַליין אויס, ווי איין גרויסער
בוקעט בלומען. איר קליין ברודערל, וואָס
איז דערווייל געווען פאַרנומען מיטן אָפּרייטן
פון זיינע צוקונפטיקע פערד, דערזעט זיין
שוועסטערל אַזוי אויסגעפּוצט און ער ווערט

שטאַרק ענטציקט פון איר. ער בלײַבט שטײן
דאָס בײַטשל פאַלט אים אַרױס פון דער
האַנט. ער פאַרשטײט, אַז בײלעלע איז שען.
און ער װאָלט אױך געװאָלט זײַן אַזױ שען
און אַזױ אױסגעפּוצט מיט בלומען. אומזיסט
פּרובט ער אױסדריקן זײַן פאַרלאַנג מיט זײַן
נישט קלאָר קינדעריש פּלױדערן. אָבער בײ-
לעלע האָט געטראָפן, װאָס ער װיל. בײלע-
לע איז א שװעסטער, און א שװעסטער איז,
װי א קלײן מאַמעלע, זי שטױסט זיך אָן, דער-
פילט, פאַרשטײט.

— גוט, ליבינקער — רופט־אױס בײ-
לעלע — איך װעל דיר מאַכן א שײנעם
קראַנץ און דו װעסט זײַן ענליך צו א קלײ-
נעם קעניג.

און אָט פלעכט בײלעלע בלומען בלױע,
בלומען געלע און בלומען רױטע אין אײן
גרױסן קראַנץ. זי לײגט דעם קראַנץ אױף איר
ברודערלס קאָפּ, און אַנטשעלע רױטלט זיך
פון פרײד און פאַרגעניגן. בײלעלע קושט

אים, הייבט אים אויף אין דער הויך און שטעלט אים אוועק אויף א גרויסן שטיין. דער־נאָך באַוואונדערט זי אים, וואָס ער איז אזא שענער און, אז דאָס האָט זי אים גענומען אזוי שען.

און דער קליינער אנטשעלע שטייט זיך אויף זיין שטיין אין ערנסטער און פייערלי־כער. עס ווייזט זיך אים אויס, אז ער איז זער שען, זער גרויס אין אזא פייזע און אין אזא פוץ. און ער באקומט דרך־ארץ פאר זיך אליין. אן אונבאוועגליכער, אן אויסגע־גלייכטער, מיט ברייטער צעעפנטע אויגן, מיט א בוגעדריקט מויל, מיט ארונטערגעהאָנגענע הענט און פונאנדערגעשפרייטע פינגער, שטייט ער און האָט זיך מורא א ריר צו טון, כדי גאָר נישט אָנצעווערן חלילה פון זיין ערנסט־קייט און יום־טובדיקייט. דער היטל איז אי־בער זיין קאָפּ, וועלדער און פעלדער ליגן בײַ זיינע פיס. ער אליין שטייט אין סאמע מיטן פון דער וועלט. ער אליין איז גרויס.

ער אליין איז שען. מיטאמאל שיסט ביילע אויס אין א געלעכטער און שרייט:

— אך, וואס פאר א לעכערליכער דו ביזט, מיין קליין אנטשעלע, וואס פאר א לעכערליכער!

און זי ווארפט זיך אויף אים און קושט אים און דריקט אים צו זיך. דער גרויסער קראנק רוקט זיך אים אראפ אויף דער נאז, און ביילע חור'ט כסדר איבער:

— אך, וואס פאר א לעכערליכער ער איז! וואס פאר א לעכערליכער!

און זי לאכט. נאר דער קליינער אנטשעלע לאכט נישט. ער איז טרויעריק און פאר=חידוש'ט, וואס דאס אלק האט זיך אזוי גיך געענדיקט און וואס ער האט שוין אויפגע־ערט צו זיין שען. ער וויל שוין נישט זיין אזוי־זיך א געווענליכער אנטשעלע, ווי פריער. דערווייל איז דער פינאנדערגעפלאכטענער קראנק אראפגעפאלן אויף דר'ערד און אנטשעלע איז צוריק געווארן אינגאנצן אזעלכער, ווי אלע קליי=

נע יונגעלעך. יאָ, ער איז שוין נישט קיין שע־
נער. נאָר דערפאַר איז ער אַ שטענדיק פריי־
ליכער און אַ בריה. ער האָט אויפגעהויבן זיין
בײַטש און ער יאָגט שוין אויפסנײַ זײַנע אַלטע
זעקס פערד, וואָס ער האָט אַמאָל האָבן.

ביילעלע שפּילט זיך נאָך מיט אירע
בלומען. נאָר מאַנכע שטאַרבן שוין. אַנדערע
ווידער שלאָפן אײַן, וואָרום בלומען האָבן גע־
ער שלאָף, אַזוי גוט, ווי חיות און אַפילו מאַכן
צו די גלעקלעך, וואָס זענען אָפּגעריסן גע־
וואָרן מיט עטליכע שעה צוריק, זייערע פּיאַ־
לעט־בעכערלעך און שלאָפן־איין אין די הענט־
לעך, וואָס האָבן אָפּגענומען זיי דאָס לעבן.

אַ לײַכט ווינטעלע האָט אַ גייגעטון אין
דער לופט און ביילעלע טוט אַ שוידער. דאָס
קומט אָן דער אָוונט.

— מיר ווילט זיך עסן—זאָגט דער קליי־
נער אַנטשעלע.

נאָר ביילעלע האָט נישט אַפילו קיין
שטיקל ברויט פאַר דעם קליינעם ברודערל.

און זי זאָגט צו אים:

— ברודערל, מיר וועלן זיך אומקערן אַהיים.

און זיי דערמאָנען זיך ביידע אָן די געשמאַקע קרויט-זופּ, וואָס קאָכט זיך אין דער קיך אינם גרויסן טאָפּ אויף אָבנט-ברויט.

ביילעלע קלייבט צונויף אירע בלומען, נעמט דעם ברודערל פאַר דער האַנט און לאָזט זיך גיין מיטן וועג, וואָס פירט אַהיים.

די זון לאָזט זיך אַראָפּ פּאַמעלעך אויפן פאַרויטעלטן הימל. די שוואַלבן פליען גאַנץ נידעריק איבער דער ערד און גלעטן די קעפּלעך פון די קינדער מיט זייערע שוואַרצע פליגל. דער אָוונט קומט אָן. ביילעלע און אַנטשעלע טוליען זיך צו איינער צום אַנדערן.

ביילעלע לאָזט אַראָפּ איבערן וועג איין בלים נאָך דער אַנדערער. אין דער שטילקייט פון אָוונט טראָגט זיך פונאַנדער דאָס

גרילן פון אַ גריל, וואָס איז באַהאַלטן אין די
געדיכטע געוויקסן.

די קינדער האָבן אַביסל מורא און זע־
נען טרויעריק, ווייל דער טרויער פון דעם
אַנקומענדיקן אומגליק האָט אַרײַנגעדרונגען אין
זייערע קליינע הערצלעך. זיי האָבן דאָך אַזוי
גוט געקענט דעם צלין, וואָס האָט זיי אַרומ־
גערינגלט, דאָך איצט דערקענען זיי נישט
אַפילו דאָס, וואָס איז זיי געווען אַמבעסטן באַ־
קאַנט. עס דאַכט זיך זיי מיטאַמאָל, אַז די
ערד איז געוואָרן צו גרויס און צו אַלט פאַר
זיי. זיי זענען מיד און האָבן מורא, אַז זיי וועלן
זיך קיינמאָל נישט אומקערן אַהיים, וואו די
מוטער קאָכט איצט אַזאַ געשמאַקע זופּ.

דער קליינער אַנטשטעלטע פּאַבעט שיין
נישט מיטן בײַטשעלע. ביילעלע האָט אַרומ־
געלאָזן פון דער מידער האַנט די לעצטע
בלום. זי גיט דעם ברודערל פאַר דער האַנט
און ביידע גייען איצט שווייגנדיק.

ענדלעך האָבן זיי דערזען פון דערווײַטן

דעם דאַך פֿון זייער הויז, פֿון וועלכן ס'האָט
זיך דערהויבן אַ בלויליכער רויך אַרויף צום
טונקעלן הימל. דאַמאָלס זענען זיי שטיין גע-
בליבן און פּאַטשנדיק מיט די הענט, האָבן
זיי אַרויסגעלאָזט געשרייען פֿאַר פֿרייד. בײַ-
לעלע האָט אַ קוש געטון דעם קליינעם ברו-
דער, דערנאָך האָבן זיי זיך אויפֿסנײַ אָנגע-
נומען פֿאַר די הענט און זענען געלאָפֿן מיט
אַלע כּוחות אויף זייערע מידע פֿיסלעך.

אַז זיי זענען צוגעקומען צום דערפֿל, האָבן
זיי אָנגעהויבן טרעפֿן פֿרויען, צוריקקערנדיק
זיך פֿון פֿעלד. אויפֿן יעדן טריט האָט זיי
איצט ווער באַגריסט, ווינטשנדיק אַ גוטנאָוונט.
די מוטער איז געשטאַנען אויף דער שוועל,
מיט אַ ווײַס טיכל אויפֿן קאָפּ, מיטן קאָכלעפֿל
אין דער הענט.

— איר זענט דאָ, קינדערלעך, איר זענט
ענדליך דאָ! — רופֿט זי אויס מיט פֿרייד.

און די קינדער וואַרפֿן זיך איר אין די
אָרעמס. אַז זיי זענען אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב,

װאָס איז געװען איבערפֿולט מיטן ריח פֿון דער קרויט־זופּ, האָט ביילעלע אױפֿגעכאַפּט אַ שוי־דער געטון — זי האָט דערזען די נאַכט, װאָס האָט אַראָפּגענידערט אויף דער ערד. און אַנטשלעלע זיצט שוין אויף דער באַנק איבער דעם שיסעלע, אָנגעשפּאַרט מיט דער גאָמבע און טיש און עסט די געשמאַקע קרויט־זופּ.

# פאַרוועלקטע בלעטער.

אָט איז שוין הערבסט. דער ווינט ברומט איבערן וואַלד און טרייסלט אַראָפּ פון די ביימער די פאַרוועלקטע בלעטער. די קאַש־טאַן־ביימער שטייען נאַקעט און ציען־אויס אין דער לופט זייערע שוואַרצע צווײַגן. איצט פאַלן שוין אַראָפּ די בלעטער פון די בוקן און די גראַבעס. די בירקן און די אָשינעס זענען אַזוי געל געוואָרן, אַז זיי קוקן־אויס, ווי באַשיט מיט גאָלד. בלויז דער דעמב איז געבליבן ביי זײַן גרינע קרוין.

דער פריבאָרגן איז אַ קאַלטער; אַ שאַר־פער ווינט טרײַבט די כמאַרעס איבער גרויען

הימל און מאַכט רויט די פֿינגער פֿון די קלײ=
נע קינדער.

יאָכעלע, יוכבד׳ל און פּנחס׳ל גייען אין װאַלד אַרײַן קלויבן פֿאַרװעלקטע בלעטער, די= דאָזיקע בלעטער, װאָס זענען אַמאָל, װען זיי האָבן געלעבט, פֿול געװען מיט טוי און פֿײגל= געזאַנג, און איצט באַדעקן זיי אין די טויזנ= טער די גאַנצע ערד מיט זייערע קליינע, פֿאַרװעלקטע סקעלעטן. פֿאַרװעלקט — און דאָך שמעקן זיי אַזוי אָנגענעם. עס װעט זײַן פֿון זיי פּאַשע פֿאַר דער ציג און פֿאַר דער קו. יאָסעלע האָט גענומען אַ קויש — דאָס איז שוין באַלד אַ מאַנסביל. יוכבד׳ל האָט גענו= מען אַ זעקל — דאָס איז שוין באַלד אַ פֿרוי. פּנחס׳ל גייט הינטער זיי מיט זײַן װעגעלע.

לויפֿנדיק, זענען זיי אַראָפּ פֿון דעם באַרג. בײַם ראַנד פֿון װאַלד האָבן זיי זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט אַנדערע קינדער פֿון דאָרף, װאָס זענען אויך געגאַנגען פֿאַרזען זיך אויפֿן װינטער מיט פֿאַרװעלקטע בלעטער. דאָס איז

גאָר קײן שפּיל ניט—דאָס איז אַן אַרבעט.

נאָר מײנט ניט, אַז די דאָזיקע קינדער זענען אומעטיק, דערפֿאַר, װאָס זײ אַרבעטן. די אַרבעט איז אַן ערנסטע, אָבער זי איז ניט קײן אומעטיקע. זער אָפט מאַכט איר זי דאָך נאָך אין אַנדערע שפּילערײען.

אָט זענען אונדזערע קינדער שױן בײַ דער אַרבעט. די יונגלעך טוּן דאָס װיכטיקע שװערנדיק. זײ זענען דאָך שױן עפּעס באַלד פּױערים, און פּױערים רעדן געװײנלעך װיניק. דאָס קאָן מען אָבער ניט זאָגן װעגן פּױער- טעס. אַנדערע מײדלעך אַרבעטן כּסדר מיט די צינגלעך בײַם פֿאַרפּילן זײערע קרישלעך און זעק.

דערװײַל איז זון אױפֿגעגאַנגען װאָס אַמאָל העכער און דערװאַרעמט ליבלעך דאָס דערפֿל. פֿון די קױמענס פֿון די הײַזלעך דער- הײבן זיך לײַכטע רױכלעך, עפּעס אַזױ װי אָטעמס. די קינדער װײסן גוט, װאָס די רױכן זאָגן. זײ זאָגן, אַז דאָרט אין שטוב קאָכט זיך

א זער געשמאקע ארבעס־זופּ. נאָך איין הויפן פארחעלקטע בלעטער און די קליינע ארבעטער קערן זיך אום צו זייער דערפל. דער צוריק־קער איז אַ שווערער. געבויגן אונטערן זאַק אָדער קויש, מאַטערן זיי זיך און דערוואַרע־מען זיך אין גאַנג און אַ שווייס גיסט זיך זיי פון שטערן. יאַסעלע, יוכבדל און פנחסל שטעלן זיך אָפּ, כדי אָפּצואָטעמען און אָפּצו־סאַפּען.

נאָר דער געדאַנק וועגן דער אַרבעס־זופּ גיט זיי צו קוראַזש. שנעלער סאַפּנדיק, קו־מען זיי צו ענדליך צו זייער שטוב. די מו־טער, וואָס וואַרט שוין אויף זיי אויף דער שוועל, רופט זיי צו פון דערווייטן:

— געשווינדער, קינדער, די זופּ שטייט שוין אויפן טיש.

זי האָט זיי געשמעקט אויסגעצייכנט. זיי האָבן זיך פאַרדינט אויף איר.

# חנהלע.

חנהלע איז אויפן דאָרף — אין דער מלוכה פון פייגל און בלומען. די העלע, שמייכלענדיקע טעג פון פרילינג פאַרברענגט זיך חנהלע אויף די לאָנקעס, אין פעלד און אין וואַלד. זי שפּילט זיך אין גראָז, זי שפּילט זיך אויף בלומען.—דאָס איז די ליבליכסטע. זיכטע פאַרוויילונג. און זי דערמאָנט זיך, אַז היינט טאַקי איז דער געבורטס־טאָג פון איר חברטע הינדעלע. און זי גייט רייסן בלומען, שענע, פאַרביקע בלומען און זי גיט זיי הינדעלען, אַדורכגעפלאָכטן מיט קישן.

## אַ געשעעניש מיט יונגלעך.

יצחקל, װעלװלע, יודעלע, זלמן און קלמן האָבן זיך געלאָזט אין װעג אַרײַן, כּדי צו מאַכן אַ װיזיט זײער חבר רפאלן. זײ גײען צװישן לאָנקעס און פעלדער מיטן לאַנגן װעג, װאָס האָט גאָלדיק געגלאַנצט אין דער שײַן פון דער זון. זײ גײען אין רײען. זײ האָבן זיך פײַן אױסגעשטעלט און גײען גלײַך און געשװינט. אײן זאַך נאָר שטערט: קלמנקע איז צו קלײן. ער שטרענגט זיך אָן, מאַכט געשװינדערע טריט. ער שטעלט פונאַנדער ברײט

זײַנע קלײנע פֿיסלעך, באַוועגט מיט די הענט. נאָר עס העלפֿט גאָר נישט — ער איז צו קלײן, ער קאָן נישט מיטמאַכן; ער בלײַבט כּסדר פֿון הינטן, װײַל ער איז צו קלײן. דאָס איז אַן אומגליק.

די עלטערע, די גרעסערע װאָלטן געדאַרפֿט װאַרטן אויף אים — זאָגט איר — און צו פּאַסן זײערע טריט צו זײַנע קלײנע טריטעלעך. זײ װאָלטן געדאַרפֿט — אָבער זײ װילן נישט. ״פֿאַר־אױס!״ — זאָגן אַלע שטאַרקע אויף דער װעלט און לאָזן איבער די שװאַכע פֿון הינטן. נאָר הערט דעם סוף פֿון דעם מעשהלע.

מיטאַמאָל זענען אונזערע גרױסע, אונזע־רע שטאַרקע, אונזערע פֿיר בריה׳ס שטײן גע־בליבן, זײ האָבן דערזען אויף דר׳ערד אַ שפּרינגנדיקע חיה. די חיה שפּרינגט, דען דאָס איז אַ זשאַבע און זי װיל זיך אַרױפֿקריגן אויף דער לאָנקע, װאָס ציט זיך בײַם װעג. די לאָנקע דאָס איז איר פֿאָטערלאַנד: זי האָט

זי ליב, זי האָט דערט איר היים ביים טײַכ־
לע. שפּרינגט זי דערפאַר.

די זשאַבע איז אַ גרינע, זי זעט אויס,
ווי אַ לעבעדיק בלאַט. יצחקל, מעלוועלע, יו־
דעלע און זלמן וואַרפן זיך אין אַ געיעג נאָך
איר. אַט ווענען זיי שוין אויף דער לאָנקע,
באַלד פּילן זיי, ווי די פיס זייערע בלײַבן
שטעקן אין דער פײַכטער ערד. װאָס איז באַ־
וואַקסן מיט געדיכט גראָז. נאָך עטליכע טריט
און זיי פאַלן אַרײַן איבער די קניען. דאָס גראָז
איז געלעגן איבער אַ זומפּ.

קוים מיט צרות זיי האָבן זיך אַרויסגע־
קריגן פון דאָרט. זייערע שיכלעך און די פיס
ביז אַרויף ווענען שוואַרץ פון בלאָטע.

קלמנקע האָט זיי ערשט איצט דעריאָגט
אינגאַנצן אָן אָטעם. ער ווייסט נישט, צי ער
דאַרף זײַן טרויעריק, צי זיך פרייען, ווע־
דיק זייערע פאַרבלאָטיקטע פיס. אַזעלכע גרוי־
סע, אַזעלכע שטאַרקע און ס'האָט געיאָגט

מיט ווי געשען אזא אומגליק. און די פיר
בריה'ס קערן זיך אהיים מיט אראפגעלאזטע
נעז. דען ווי קאן מען עס גיין צו גאסט צו
רפאלן אין אזא הילוך!

# איבערן טײַך.

יאָסל האָט זיך באַלד אין דערפרי גע-נומען אין וועג אַרײַן מיט זײַן שוועסטערל דבורהן — מיט אַ ווענדקע אויפן אַקסל און אַ קוישל אונטערן אָרעם: די שולע איז פאַר-מאַכט, די שילער האָט מען פונאַנדערגעלאָזט אויף פעריען אין דערפאַר גייט יאָסל יעדן טאָג מיט זײַן שוועסטערל דבורהן, מיט אַ ווענט-קע אויפן אַקסל און אַ קוישל אונטערן אָרעם — לענג-אויס דעם טײַך. דער טײַך שטראָמט זיך העל און גלאַט. און די צעשפּרייטע בעריאָ-זעס באַשאָטענען אים מיט ווייכע זילבערנע בלעטלעך. עס קוקט אויף אים אַרונטער

אַ בלויער, היטערער הימל. געטריבן און פאַרנאַכט שלעפּן זיך איבער אים ווייסע וואָלקנס.

נאָר יאָסעלע און דבורהלע האָבן ליב דעם טײַך נישט פאַר זײַנע גרין-באַוואַקסענע ברעגעס, אויך נישט פאַר זײַנע קלאָרע וואַסערן, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ דער העלער הימל. זיי האָבן אים ליב פאַר די פיש, וואָס פּליעסקען זיך אין זײַן טיפֿעניש.

און אויך היינט בלײַבן שטיין די קינדער אויפן אָרט, וואו ס׳געפינען זיך אַמערסטן פיש. דבורהלע זעצט זיך אַוועק אונטער אַ ברייטע בעריאָזע. יאָסעלע שטעלט אַראָפּ די קישלעך אויף דר׳ערד און לאָזט-אויף די ווקנשקע. זי איז אָן אײַנפּאַקע: אַ פּרענט, אַ שנור און אַ שפּילקע, וואָס איז פאַרבויגן בײַם סוף שנור, אין דער פאָרם פון אַ האָטשיק. יאָסעלע האָט צוגעשטעלט דעם פּרענט, דבורה-

לע האָט געגעבן דעם שנור און די שפּילקע. די װענטקע געהער אַלזאָ בשותּפות צום ברו-דער און דער שװעסטער. יעדער אָבער װאָלט זי געװאָלט האָבן אײנגאַנצן פֿאַר זיך און אַנ-שטאָט אַראָפּצעלאָזן די װענטקע אין װאַסער, רײַסן זײ זי איצט אײנער בײַם אַנדערן, קריגן זיך, קלאַפּן און דאָס שטילע טײַכעלע כאַפּט זיך אויף מיט אַ געשרײ, װידלערט און גע-פּומל. יאָסעלעס האַנט איז אױך שװאַרץ — דאָס האָט אים דבֿורהלע אַזױ שטאַרק זי צו-קניפּן, דבֿורהלעס פּנים איז רויט-צופּלאַמט — דאָס האָט װידער יאָסעלע איר אָנגעמאָסטן אַזאַ שטאַרקן פּאַטש.

און אַז זײ װעלן ענדליך מיד װערן פֿון קנײַפּן און שלאָגן זיך, האָבן זײ באַ-שלאָסן, צו טוישן זיך מיט דער װענטקע. װען יאָסעלע װעט אַרויסציִען אַ פֿיש, װעט די װענטקע איבערגײן צו דבֿורהלען, װען דבֿורה-לע װעט עפּעס פֿאַנגען — װעט יאָסעלע נע-

טען די ווענטקע.

יאָסעלע הויבט־אָן. עס איז נישט באַוואוסט, ווען ער וועט ענדיקן, איבעריגנס וויל ער נישט אָפּטרעטן דער שוועסטער די ווענטקע, ציט ער דערפֿאַר נישט אַרויס דאָס פֿישל, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן אויף דער ווענטקע, דאָט אײַנגעשלינגען דעם האַטשיק און ציט אַראָפּ דעם קאָרעק.

יאָסעלע איז אַ ביטערער: דבורהלע איז אַ געדולדיקע. זי וואַרט שוין זעקס שעה. דאָך איצט איז זי שוין מיד פֿון דעם לאַנגן זיצן און גאָרנישט טון. זי גענעצט, ציט זיך אויס, לייגט זיך אַוועק אינם שאָטן פֿון אַ בעריאָזע און פֿאַרמאַכט די אויגן. יאָסעלע פּאַרשט איר נאָך מיט אַ זײַטיק אייגל אין מיינט, אַז די שוועסטער שלאָפֿט. דער קאָרעק לאָזט זיך ווידער אַראָפּ. דאָ ציט ער געשווינד אַרויס דעם שנור. אויף זײַנעם עק עס בלישטשעט אַ זילבערן פֿינטעלע. דאָס איז אַ קליינטשיק

פישעלע געכאַפּט געוואָרן אויף דער ווענט-
קע.

— אהאַ, אצינד איז ענדליך מײַן רייהע!—
הערט ער אַ קול הינטער זיך.

און דבורהלע כאַפּט זיך צו דער ווענט-
קע.

# אַ מאָלער.

יונהלעס פאָטער איז אַ מאָלער. ער זעט, ווי דער פאָטער צייכנט אויף דער לייוונט מענטשן און חיות אַזוי ווי לעבעדיק, ווי ער מאַכט נאָך מיט פאַרבן די ערד, דעם ים, דעם הימל און די גאַנצע נאַטור. ער זעט אויך, ווי דער פאָטער מאָלט שיינע פרויען מיט אויגן, אַזוי ווי שטערן, און מיילעכלעך — אַזוי ווי רויזן.

— אַז איך וועל ווערן גרויס — טראַכט זיך דער קליינער יונהלע — וועל איך נישט מאָלן קיין שום פרויען. איך וועל נאָר מאָלן פערד, ווײַל דאָס איז אַ סך שענער.

און ער פֿאַרבעסערט זיך שוין איצט
אינעם צייכענען די שענסטע חיות, וואָס ער
קאָן זיך נאָר פֿאָרשטעלן. נאָר וואָס די פֿערד,
וואָס גייען אַרויס פֿון אונטער זײַן בלײַשטיפֿט,
האָבן אין זיך די אייגנשאַפֿט, וואָס זיי זענען
אינגאַנצן נישט ענליך צו קיין פֿערד. זיי דער-
מאָנען גיכער אָן שטרויסן אויף פֿיר פֿיס. יאָ,
יאָ-מאַלערײַ דאָס איז זייער אַ שווערער ענין.

פֿונדעסטוועגן מאַכט יונגעלע פֿאָרשריט
און צייכנט וואָס אַמאָל בעסער. מען קאָן זיך
שוין איצט אָנשטויסן דעם זין פֿון זײַנע צייכ-
נונגען. דען יונגעלע האָט אַ סך געדולד און
האָט ליב צו צייכענען. די צײַט וועט טון
דאָס איריקע און ווער ווייס, אפֿשר וועט פֿון
דעם קליינעם יונגעלען אַמאָל אויסוואַקסן אָט
אַזאַ גרויסער קינסטלער, ווי זײַן פֿאָטער.

נעכטן האָט יונגעלע אויפֿגעצייכנט אויף
אַ פּאַפּיר אַ געוויסן הער, וואָס שפּאַצירט זיך
מיט אַ שטעקן און דער האַנט בײַם ברעג פֿון
ים. איבער דאָס, וואָס די הענט גייען דעם

הער פון די ברוסטן אַרויס, איז עס זער גוט אויפגעצייכנט. ער האָט פיר קנעפּ אין ראָק. נעבן דעם הער געפינט זיך אַ בוים און אין דערווײַטנס זעט זיך אַ שיף. נאָר וואָס דאָס אַלץ זעט אויס אַזוי, ווי דער הער וואָלט גע=וואָלט נעמען אין דער האַנט אַרײַן די שיף און אײַנשלינגען דעם בוים. נאָר דאָס איז שוין פאַרפאַלן. אַזעלכע זאַכן געשען אויך בײַ אמתע מאָלער.

הײַנט האָט יונהלע פאַרענדיקט נאָך אַ שווערערע צייכנונג. מ'זעט אויף אים מענטשן, שיפן און ווינט=מילן. יונהלען דאַכט זיך אויס, ווען ער צייכנט, אַז די שיפן שווימען איבערן וואַסער, און די פליגלען פון דער ווינט=מיל דרייען זיך. ער ענטציקט זיך אַליין מיט זײַן ווערק.

ער באַמערקט אַפילו נישט דאָס קליינע קעצל, וואָס שפּילט זיך אונטערן טיש מיט אַ קנויל=בוימוול. דערווײַל, ווען יונהלע וועט אַרויס פון צימער, וועט דאָס קעצל אַרויסשפּרונגען

אויפן טיש און וועט איבערקערן, מיט איר
ווײַס לאַפּעלע דעם טינטער אויפן פּאַפּיר, וואָס
ליגט אויסגעשפּרייט אויפן טיש. און עס וועט
פֿאַרלוירן גיין יונהלעס מײַסטער־ווערק. דער
קליינער מאַלער וועט אין אָנפֿאַנג טרויעריק
ווערן. נאָר באַלד וועט ער מאַכן אַ נײַ מײַ־
סטער־ווערק, כּדי אויסצוקערן דעם שאָדן, וואָס
איז געמאַכט געוואָרן דורך דעם קעצל.

# זיסעלע און בוטשקאַ.

זיסעלע און בוטשקאַ זענען אַלטע פֿרײַנט. זיסעלע, דאָס איז אַ קליין מיידעלע, און בוטש-קאַ, דאָס איז אַ גרויסער הונט. ביידע זענען זיי פֿון איין און דערזעלבער װעלט, דען ביידע װאוינען זיי אויפֿן דאָרף. פֿון װען אָן קענען זיי זיך? זיי װייסן דאָס אַליין נישט: אַזוי װײַט גרייכט נישט דער זכרון פֿון אַ הונט און אויך נישט פֿון אַ קליין מיידעלע. איבע-ריגנס דאַרפֿן זיי דאָס גאָר נישט װיסן: נישט זיי האָבן קײַן חשק און נישט קײַן געברויך צו געדענקען אַזעלכע זאַכן. עס דאַכט זיך זיי גאָר, אַז זיי קענען זיך שוין זער, זער לאַנג.

פון דעם סאַמע אָנהייב פון דער וועלט, דען זיי שטעלן זיך נישט פּאָר, אַז די וועלט האָט געקאָנט זיין אָן זיי. זיסעלע האָט שטענדיק געקענט בוטשקאָן און בוטשקאָ האָט שטענדיק געקענט זיסעלען.

בוטשקאָ איז אַ סך גרעסער און שטאַר־קער פון זיסעלען. אַז ער לייגט אַרויף זיינע לאַפּעס אויף אירע אַקסלען, איז ער מיט צוויי קעפּ העכער פון איר. ער וואָלט זי געקאָנט איינגאַנצן איינשלינגען, אָבער ער טוט איר קיינ־מאָל נישט די קלענסטע עוולה. בוטשקאָ פּאַר־ערט זיסעלען. אַזאַ קליינינקע, אַזאַ שוואַכע, און איז אַזאַ קלוגע. ער לעקט זי מיט דער צונג פון גרויס ליבשאַפט. און זי ווידער האָט ליב בוטשקאָן דערפאַר, וואָס בוטשקאָ איז אַ שטאַרקער און אַ גוטער. זי ווייסט, אַז בוטש־קאָ וועט קיינעם נישט טון קיין עוולה. זי ווייסט, אַז בוטשקאָ קאָן אַ סך זאַכן, וועגן וועלכע זי, זיסעלע, האָט נישט קיין שום באַגריף. אַזאַ ריזיקער, אַזאַ חיכטיקער און איז אַזאַ ליבליכער.

מיטאמאל אין א געוויסן טאָג דערזעט
ווסעלע, אז איר פרײַנט איז אָנגעבונדן אויף
א קייט צו א בוים בײַ דער ברונען. זי גלויבט
נישט די אייגענע אויגן. און בושקאָ קוקט
אויף איר מיט זײַנע ערליכע, הארימע אויגן.
ער פארטראָגט זײַן קנעכטשאפט מיט געדולד
און נאָכגעביקײַט. נאָר ויסעלע דערנענטערט
זיך נישט צו אים. זי קאָן נישט פארטראָגן
די קנעכטשאפט פון איר גרויסן, גוטן בוטש-
קאָ און זי שטייט א פארזאָרגטע און אומעט-
טיקע, קוקנדיק אויף אים מיט מיטגעפיל.

